א. קיפּניס

# דאָדל און שאַי-כאַלי



צענטראַלער פעלקער-פאַרלאַג פון פ.ס.ס.ר.
מאָסקווע — כאַרקאָוו — מינסק — 1930




# דאָדל און שאַי-כאלי!

פאַניען געשענקט.

איך וויל אײַך דערציילן,
ווי קינדער זיך שפּילן,
ווי קינדערלעך קליינע
אַ צײַט הײַנט דערפילן.

אַליין איך מיט פאַניען
דערבײַ בין געווען,
און כ'האָב טויזנט מענטשן
וועלכע האָבן עס געזען.

I

אין קיעוו באַם דנעפּר אַ הויף מיט אַרמענער;
דאָרט וואוינען אויך יידן און קריסטן
(געפירט האָבן זיך דענסטמאָל באָלשעוויקעס אין רוסלאַנד,
אין איטאַליע—פאַשיסטן).
זעען אַרמענערלעך טאָג־טעגלעך און הערן:

פֿול זײַנען גאַסן מיט יונגע פּיאָנערן,
אַליין (אָן די מאַמעס) איבער גאַסן זיי גייען,
ווי געפּרוּווטע סאָלדאַטן אין רייען.
און אַ פֿאָן זיי האָבן, און אַ פּויק, און קלייזײַען—
אַלץ ווי געהער איז צו זײַן...
— — — — — —

II

די טאַטעס בײַ אַרמענערלעך פּוצן אַף גאַסן די שיך.
און אַרמענערלעך קאַטשען זיך אין קעלערס אַף דילן.
און קינדער בײַ אונדז אין די הויפֿן
(כאָטש מע בעט אײַך ניט ציילן)—
קינדער אין די הויפֿן זײַנען פֿול נאָר און פֿול.

שפּילן דאָרט כעוורע און שפּילן.
יעדערער איז באַרימט מיט זײַן קראַפֿט.
איינער ווייסט לעקטערי,
איינער ווייסט לענין,
אַ צווייטער ווייסט קוילן און נאַפֿט.
באַרימט זיך דאָס אַרמענערל שאַי־כאַלי אין הויף:
— איך קען אײַך לאָזן באַלאָנען פֿון זייף;
רופֿט זיך אויס אַ צווייטס,
אַ יאַטל אַ רויטס:
— כעוורע פּלעצל,
הערט מיט קאָפּ!
בײַ אונדז איז דאָ
א לאָקשן־טאָפּ
איך קען דעם לאָקשן־טאָפּ פֿאַרקויפֿן
און אַ ריכטיק פּײַקל קויפֿן,
נאָר אַ פּײַקל אזעלכס — — —

— אווע‏לכס??! —
איז אַרויס דאָס ארמענערל
(דאָס שווארצע, ווי קויל
מיט א צעעפֿנטן מויל):

— אווע‏לכס?
שוין אזוינס ווי אזעלכס!
אָט, ווי בא די יאַטן די קאַטן
מיט די שניפסן די רויטע
„שטענדיק גרייטע"!

— אויב אזוי ווייס איך:
כיר־כאַר־שאַר־כי!
א פייקל מיינסטוו?!
און איך וועל דאָקאזשען
א פאפירענע פּאָן — — —

שא, דאָדל, לאַך ניט,
ועסט זען וואָס איך וועל טאָן!...

III

א וואָך האָט געשוויצט דאָס ארמענערל
אים איז, ווי זיין טאטן, קיין אַרבעט ניט שווער.
„כיר־כאַר־שאַר־כי", — לאַכט זיין מאַמע צום פוצער —
„כלעבן, פון אים וועט אַרויס א פיאָנער".

און דאָס יאטל פאָרעט זיך בא דער פּאָן,
אַרבעט מיט אַן אַרויסגעשטעקטער צונג.
אַז פּאַרב איז דאָ,
פּאַפּיר איז דאָ,

א שטעקן — דאָ — — —
איז שוין דאָס איבעריקע גרינג.
און יענס, דאָס צווייטס,
דאָס יאטל דאָס רויטס
האָט גאנגען געפּאָלגט אפן טויק,
געלאָפן, געיאָגט און געשוויצט
און אָנגעפּאַרדינט פאר דער וואָך
א פינעף־זעקס גילן.
—איצט מוזטו מיר, מאמע, קויפן א פויק—
איך דארף זיך לערנען שפּילן..

IV

ארויס זיינען יאטן מיט אַ פויק און אַ פאָן,
די הויפישע קינדער קוקן זיי אָן.
דאָס ארמענערל שרייט:
— Пут катоф!
ура! — — — — — —
און דאָס רויטינקס קלאפּט אַפן פייקל
— או — וואָ?!...
ווי אַ קלעזמער אַ רעכטער אַן עכטער.

ווי א געלערנטער סאָלדאט,
קלאפּט ער צום טאקט,
פּונקט
ווי מע זינגט:
פויקנקלאָ — פּעראַלטער
פויקנקלאָ — פּעראַלטער,
פויקנקלאָ — פּעראַלטער,
שטאַרקער קלאַפּ!

האָבן זיך די שכײנישע קינדער פֿאַרקוקט,
ביז אײנעם געװען זײַנען אַלע אַנטציקט.
— — — — — — — — — — — — — — —
און אָפּגערעדט האָבן צװישן זיך קינדער אַזױ:
„מיר, קינדער פֿון הױף,
קלײבן זיך צונױף
פֿאַרנאַכט
אַרום אַכט.
אי קלײנע, אי גרױסע,
אי אלערלײ,
צו צװײ אין אַ רײ.
דאָדל טראָגט דעם פּױק,
דאָס אַרמענערל — די פֿאָן. —
זינגען
דאַרפֿן אַלע אין קאָן!...
(„סמעלאָ טאָװאַרישטשי".
„לײס פּעסן מאַיאַ",
אַף יעדערן זאָל אָנקומען
אײן לידל כאָטיאַב...)
אַזױ אַרױס פֿאַרן טױער
לעם רױטינקן מױער —
„פּױקנקלאַפּער — אלטער"
„פּױקנקלאַפּער — אַלטער"
„פּױקנקלאַפּער — אַלטער"
„שטאַרקער — קלאַפּ!!!"
דערנאָך זאָלן אַלע
אױסשיסן אַ געזאַנג
און אװעק אַ גאַנג!"

V

פֿאַרנאַכט,
אַרום אכט,
אַלץ איז גרייט
צוגעשניטן—אויפֿגענייט.
זיינען אַרום כעוורע פֿאַרן טויער
לעם רויטינקן מויער,
ווי גערעדט אַזוי,
צי צוויי אין אַ ריי.
דאָס אַרמענערל רופֿט אוים:
— Пут кáтоф!
—
ypa!— -- — — — — —
און דאָדל אַפֿן פּייקל טוט אַ דונער:
טראַך־טא־רא־ראך!...
און מע דאַרף שוין גיין —
אָבער אַז גאַסן זיינען פֿול מיט לייטן,
האָבן זיך יאַטן צערוקט אַף די זייטן —
„מיר שעמען זיך"!...
— — — — — — — — — —
אָבער דער פויקן־שלעגער
און דער פֿאָנען־טרעגער
זיינען דאָך ניט קיין נאַרן,
זיי וועלן זיך ניט שטעלן האַרן:
— ווילן זיי, וועלן זיי גיין,
אַז ניט — איז ניין!

VI

גייען זיי זיך פֿאָרויס
מיטן פויק און מיט דער פֿאָן,
אינמיטן גאַס, — אויבנאָן,

אין פוס,
און צום טאַקט.
און דאָס פּײַקל זיך קלאַפּט:
פּויקנקלאַפּעראַלטער
פּויקנקלאַפּעראַלטער
פּויקנקלאַפּעראַלטער
שטאַרקער — קלאַפּ!
איינס! — צוויי! — דרײַ!
איינס! — צוויי! — דרײַ!

גייען מענטשן דורך פֿאַרבײַ.
שטעלן זיי זיך אָפּ,
כאַפּן זיך פֿארן קאָפּ:
— ווער קאָן דאָס זײַן???
פֿאָרן פֿורן דורך פֿאַרבײַ
(פֿורן פֿאָרן
פֿירן קאָרן),
שטעלן זיי זיך צו:
וואָס קאָן דאָס זײַן???
פֿאָרן מאַשינעס דורך פֿאַרבײַ
(ס׳פֿאָרן מאשינעס
אַף גומענע שינעס),
הודען און רופֿן,
פֿײַפֿן און שטיפֿן,
פּלוצים, — שטיי!
טו אַ קוק אַף זיי
אַף די צוויי
(אָן זײַטן דארף מען בלײַבן
פֿון אזא מין קאָמעדיע!...).
די טראַמווײַען האָבן זיך צעשטעלט
(שוין אַ האַלבע שאָ פֿארפֿעלט),

מע קען ניט דורכפֿאָרן —
אַזוי פֿיל מענטשן פֿאַרשטעלן די גאַסן.
באַך דורכגעגאַנגען אַ פֿאָלק סאָלדאַטן
מיט שווערע האַרמאַטן,
האָבן זיי זיך צוגעשטעלט:
צי מע קען
צי מע מעג, —
מע מוז די יאַטן לאָזן וועג.
די „נעפּ" פֿון די טרעפּ
האָבן זיך צעבלוטיקט די קעפּ,
זיך קאַם אַרויסגעקײַקלט:
— „מיר ווילן אויך זען ווער עס פֿײַקלט"!
און די צווייען
זיך גייען
מיט פֿאַרנומענע בליקן.
מע קוקט?
זאָל מען קוקן!
פֿויקנקלאַ — פֿעראַלטער
פֿויקנקלאַ — פֿעראַלטער
פֿויקנקלאַ — פֿעראַלטער
שטאַרקער — קלאַפּ!...

דערווײַל האָבן קינדער
עפּשער מערער פֿון הונדערט
געלאָזן זיך גיין
אויך צו צווייִ אין אַ ריי:
אַז די פֿאָן איז רויט
און דאָס פֿײַקל שיט שרויט
קענען קינדער געוויס
גיין אין פֿוס.
און אַז קינדער גייען,

גייען עלטערע גאָך.
און פּראָרעזנאַיאַ קאָכט.
מע יאָגט, מע לויפֿט פֿון אַלע וועגן
די פֿירער אָנטקעגן.
נאַר די מיליציע האָט פֿאַרשלאָפֿן.
זי איז געקומען צולאָפֿן —
אַ פויק מיט אַ פֿאָן,
האָט זי ווײַטער ניט וואָס צו טאָן,
בעט נאָר מע זאָל היטן „פּאָריאַדאָק”.
— ניט — שלאָגט זיך.
— ניט — שטופּט זיך.
— גייט אלע שיין.
— מינאַסטאַם וועלן מיר ערגעץ פֿאַרגיין.

VII

אלע לאַכן, קוועלן אָן,
קלײַבן נאַכעס פֿון דער פֿאָן,
און דער פויקער שפּילט געשמאק.
אָט, אַ דאָדל?!
אָט, אַ יאַט?!
דערווײַל שוין אין צענטער,
אַף גאַס אַף דער צענטער.
די יאַטן האָבן זיך אָפּגעשטעלט
פֿאַרן פּיאָנערישן קלוב.
— שפּאַן אַף איין אָרט! —
האָט אויסגערופֿן איינס
אַ יאַטל א קליינס.
טופּען כעוורע מיט די פֿיס אַף איין אָרט
(ריידן ניט אויס צווישן זיך קיין וואָרט).

זיינען ארויס די יונגע לענינער
מיט פארפלאמטע פענימער
גלייך אונדז אנקעגן
און נעמען זיך פרעגן...
פלוצים:
— Пут катоф!
דאס ארמענערל,
— Всегда готов!
די פיאנערן
(צופרידן און גערן).
און עס האבן געשריגן אויך אלטע,
אי קליין, אי גרויס.
די סימכע איז הייס.
אינמיטן מיזשוואך,
אינמיטן גאס
— אזא יאנטעוו, אזא ראש —
Брат ты наш!

VIII

איצט קענט איר שוין פארשטיין,
ווי די זאך איז געווען שיין?!
עס זיינען אוועק יעדיעס
אף די צייטונגען־שפאלטן,
עס האבן זיך אפגערופן אלע אנשטאלטן,
דער „מאסשוויי" איז ארויס
מיט שניפסלען א מייע;
דער „מעלוכע־פארלאג" —
מיט ביכלעך א בארג;
דער „סאראבקאפ"
גיט צוקער א קאפ.

— „דער „נאַרפּיט
טרעפט וואָס ער גיט?
אינמיטן גאַס קעסלען
און קיכלעך און טיי.
ווי הֶען?
ניט אזוי?
מיר מיט פייגעלען
האָט זיך אָנגענומען צו בייגעלעך.
ניט אומזיסט.
מע האָט זיך דערוווּסט,
אַז מיר האָבן די יאַטן געהיט,
ניט אָפּגעלאָזן אַף קײַן טריט
פון הויף נאָר אַרויס
און ביז אַהער.

IX

ערשט שפּעטער
האָבן זיך די מאַמעס דערוווּסט,
דאָדלס
און שאַי־כאַליס,
וואָס אין שטאָט האָט זיך געטאָן
מיטן פּויק און מיט דער פאָן.
דאָדלס מאַמע האָט געזאָגט:
— „מיר זאָלן זײַן".
שאַי־כאַליס:
— „כאָלי שהאבי מאל כיינע!"...
איצט זעט איר שוין, כעוורע,
אַז די מאַיסע איז אַ שיינע?!

קיעוו, מאַרט 1925.

---

# צענטראַלער פעלקער-פאַרלאַג

## פון פ.ס.ס.ר.

—

### ווײַסרוסישע אָפּטיילונג:

מינסק, פרייהייט-פּלאַץ, נומ. 17.

---

## קינדער-ליטעראַטור:

### איציק קיפּניס—

**אָ אַ**

אילוסטרירט, גרויסן פאָרמאַט:

24 זייטלעך. פרייז 40 קאָפּ.

— " "

**טאַטעשי, טאַטעשי**

און אַנדערע מייסעלעך,

אילוסטרירט, גרויסן פאָרמאַט,

50 זייטלעך. פרייז 65 קאָפּ.

— " "

**ס'קערט זיך אַ וועלט**

אַ פּיעסקע פאַר קינדער.

44 זייטלעך. פרייז 40 קאָפּ.

— " "

**זיי גרייט.**

— " "

**אָט ווער מיר היינט געפעלן איז.**

### ס. פּאָלאָנסקי—

30 לידער פאַר קינדער מיט נאָטן,

52 זייטלעך. גרויסן פאָרמאַט. — פרייז 1 ר. 25 קאָפּ.